


# פראספעקט
# פון די אויסגאַבן
# פון דער צענטראַלער
# יידישער היסטארישער
# קאמיסיע אין פוילן

# פּראָספּעקט
# פון די אויסגאַבן
# פון דער צענטראַלער
# יידישער היסטאָרישער
# קאָמיסיע אין פּוילן

1947

וואַרשע — לאדזש — קראָקע

# די אויפגאַבן און דערגרייכונגען
## פון דער צענטראַלער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע אין פוילן

די טעטיקייט פון דער צענטראַלער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע (בקיצור צ. יי. ה. ק.) פליסט אַרויס פון דער נויטווענדיקייט צו פאָרשן און פאַראייביקן די ביישפּיללאָזע מאַרטיראָלאָגיע, וואָס עס זיינען אַדורכגעגאַנגען די יידן אונטער דער היטלערישער אָקופּאַציע.

די דאָזיקע אַרבעט ווערט דיקטירט נישט בלויז פון אונזער חוב לגבי דער וויסנשאַפט, וואָס איז אויסער יעדן ספק און נויטיקט זיך נישט אין קיין באַגרינדונג, נאָר אויך פון דער געשריבענער און נישט געשריבענער צוואה פון מיליאָנען קרבנות.

עס פאָדערט דאָס אויך פון אונז דער מאָראַלישער געזונט־צושטאַנד פון דער מענטשהייט. מיר געדענקען גוט, אַז פּאַראַלעל מיט די ביישפּיללאָזע דייטשע פאַרברעכנס האָט געווירקט די פאַרברעכערישע דייטשע פּראָפּאַגאַנדע, וועלכע האָט פאַרהוילן און דעפאָרמירט דעם טראַגישן אמת וועגן די קרבנות. די צוקונפט נישט בלויז פון די יידן, נאָר פון דעם מענטשלעכן מין פאָדערט, אַז אַנשטאָט די גבזהדיקע אויסטראַכטעגישן פון די מערדער זאָל פאַראייביקט ווערן דער אמת, וואָס דאַרף ווערן דער קנין פון אַלעמען.

אין פאַרהעלטעניש צו דער גרויס פון די אויפגאַבן, זיינען די מיטלען, מיט וועלכע עס דיספּאָנירט די צענטראַלע יידישע היסטאָרישע קאָמיסיע, נישטיקע. נישט געקוקט אויף דעם, האָט זיך, אַדאַנק דער קרבנות־גרייטקייט פון נאָענטערע און וייטערע מיטאַרבעטער, איינגעגעבן צו דערגרייכן גאַנץ וואָגיקע רעזולטאַטן: נעבן טויזנטער אויטענטישע דאָקומענטן, עקספּאָנאַטן, זכרונות, ברייוו ראַפּאָרטן און ליטעראַרישע שאַפונגען — אַ גרויסע צאָל פון גביות־עדות, וואָס פאַרגרעסערט זיך פון טאָג צו טאָג. אַדאַנק דער ברייט־פאַרצווייגטער נעץ פון קאָרעספּאָנדענטן, דערגרייכן מיר צו די ווייטסטע ערטער. שטייענדיק אין אַ שטענדיקן קאָנטאַקט מיט וויסנשאַפטלעכע און געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס פון אַנאַלאָגישן כאַראַקטער, וואָס ווירקן אין דער פוילישער געזעלשאַפט, דערגאַנצן מיר אונזערע זאַמלונגען, דינענדיק גלייכצייטיק די דאָזיקע אינסטיטוציעס מיט אינפאָרמאַציעס, דאָקומענטן און פּובליקאַציעס.

פון דעם ערשטן מאָמענט איז פאַר אונדז געווען קלאָר, אַז די צונויפגעזאַמל־טע מאַטעריאַלן דאַרפן בלייבן נישט בלויז אין אונזער אַרכיוו פאַרן געברויך פון וויסנשאַפטלער, פאָרשער און שרייבער, נאָר דאַרפן ווערן צוטריטלעך פאַר דער ברייטסטער לייענער־מאַסע אין דער פאָרם פון פובליקאַציעס. די דאָזיקע אויפ־גאַבע דאַרף דערפילן אונזער פאַרלאַג.

דער שוידערלעכער פאַרגעם פון די דייטשע פאַרברעכנס, די פיל־טויזנטיקע הריגות אין הונדערטער שטעט, טאָג־איין טאָג־אויס, אין משך פון פינף יאָר, די אומגעהויערע צאָל פערפידע מיטלען פון מאָרד און סאַדיזם, וועלכע דער אָקופּאַנט האָט אָנגעווענדעט לגבי זיינע קרבנות — דאָס אַלץ וועט נאָך אַ לאַנגע צייט פאָדערן ברייטע שטודיעס, פאָרשונגען און באַאַרבעטונגען. אָבער דאָס איז נאָר אַ טייל פון אונזער אויפגאַבע. די גרויסע פאַרלאַלגעמיינערטע האָבן פון זייער זייט אַרויסגערופן אַן ענדערונג אין דעם לעבנסשטייגער און אין די זיטן, האָבן באַשאַפן נייע לעבנס־פאָרמען פון כלל און פון יחיד, האָבן באַשאַפן נייע באַגריפן, געענדערט די פּסיכיק, גע־בוירן נייע אופנים פון זוכן אַ רעטונג, האָבן איינעם דעמאָראַליזירט, אַ צווייטן געהאַרטעוועט און ביי אַ דריטן אַרויסגעבראַכט די קראַפט צו באַוואָפנטן ווידער־שטאַנד און העלדישקייט.

אַזאַ פאַרשידנאַרטיקער מאַטעריאַל, וואָס כאַפּט אַרום געשעענישן, איבער־לעבונגען און דערשיינונגען, וועלכע האָבן אינערגעץ נישט קיין פרעצעדענס, וועקט נאָך אַנדערע באַוואָרענישן. און דאָס איז שייך דער פאָרם פון דער רעלאַציע.

בלויזע אויסרעכענונגען, סטאַטיסטישע רשימות און וויסנשאַפטלעכע פאַר־מולירונגען זיינען נישט בכוח אויסצודריקן און צו פאַראייביקן דאָס, וואָס איז אין דעם אַלעמען געווען דאָס וועזנטלעכסטע: דעם טראַגישן מענטשלעכן אינהאַלט.

נעמענדיק דאָס אַלץ אין אַכט, שטרעבט די רעדאַקציע־קאָלעגיע פון דער צ. יי. ה. ק. צו שאַפן און רעאַליזירן אַזאַ פאַרלאַגס־פּלאַן, אַז אירע פובליקאַציעס זאָלן דערלויבן דעם לייענער זיך צו באַקענען מיט דער געשיכטע פון די יידן אין דער צייט פון היטלערישער אָקופּאַציע אין אַלע אירע אַספעקטן. נעבן דאָקו־מענטן און גבית־עדות — אויטענטישע זכרונות, נעבן רויען קוועלן־מאַטעריאַל — באַאַרבעטונגען, סיי מעטאָדיש־וויסנשאַפטלעכע, סיי ליטעראַרישע. נעבן זכרונות פון יידן — מעמואַרן פון פוילישע שרייבער און עדות. אַ גאָר וויכטיקער דאָקו־מענט אויסצופאָרשן און כאַראַקטעריזירן דעם טראַגישן פינפיאָר איז די דיכ־טערישע שאַפונג סיי פון יידן, וואָס אין איר דריקט זיך אויס די איבערגעלעבטע טראַגעדיע, סיי פון דיכטער פאַליאַקן, וועלכע גיבן אַן אויסדרוק דעם אופן פון

רעאַגירן מצד אונזערע שכנים מיטבירגער, וואָס זיינען דירעקט נישט אַרונטער־געפאַלן אונטער די קאָנסעקווענצן פון די „נירענבערגער געזעצן".

וואָס שייך די ביזאיצטיקע דערגרייכונגען פון דער צ. יי. ה. ק. אויפן געביט פון פאַרלאַגס־וועזן דרוקן זיי זיך אויס אין דער אימפּאָזאַנטער צאָל פון 34 פובליקאַציעס, פאַרעפנטלעכטע אין דרוק (פון דעם 29 פובליקאַציעס אין דער פוילישער און 5 — אין דער יידישער שפּראַך).

בכלל לאָזן זיך די אויסגאַבן פון דער צ. יי. ה. ק. איינטיילן אין די ווייטער־דיקע אָפּטיילונגען: די ערשטע נעמט אַרום פובליקאַציעס פון דאָקומענטן און מאַטעריאַלן פון דער צייט פון דער אָקופּאַציע. די צווייטע — טאָג־ביכער און זכרונות. אַ באַזונדערע אָפּטיילונג בילדן די שטודיעס און מאָנאָגראַפיעס. די פערטע גרופּע נעמט אַרום ליטעראַרישע שאַפונגען, וועלכע זיינען אַנטשטאַנען אין די געטאָס און לאַגערן. און לסוף די לעצטע גרופּע—מעטאָדאָלאָגישע אַרבעטן.

פון דעם ערשטן סעפּטעמבער 1947 ווערט די צענטראַלע יידישע היסטאָרישע קאָמיסיע פאַרוואַנדלט אין אַ יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט מיטן זיץ־אָרט אין וואַרשע, אין דעם בנין פון דעם אַמאָליקן יודאַיסטישן אינסטיטוט. אין המשכות דערפון וועט אונזער אַרבעט שטאַרק אויסגעברייטערט ווערן און וועט אַרומנעמען, אַחוץ די תקופה פון דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע, די געשיכטע פון דעם אַמאָליקן יידישן ישוב אין פוילן אין אַלע זיינע אַספּעקטן.

## דאָקומענטן פון פאַרברעכן און מאַרטירערטום.

אַנטאָלאָגיע פון גבית-עדות, וואָס באַשטייט פון דריי טיילן:

א) אין לאַגערן;

ב) איבער שטעט און שטעטלעך;

ג) קינדער דערציילן.

קראָקע, 1945 — 222 זייטן ⅩVI

**פרייז 180 זל.**

„מיט א געוויינלעכער טאָג־טעגלעכער שפראך, אָן כוונות אויף עפעקט, זיינען געשריבן די דערציילונגען פון די עדי־ראיה, וואָס זיינען גלייכצייטיק די קרבנות. זיי זיינען אדורכגעגאנגען דעם גיהנום פון ראפינירטע ליידן, זיך באגעגנט נישט איין מאָל פנים אל־פנים מיטן טויט און ניצול געוואָרן על־פי־נס בכדי איבערצוגעבן דעם אמת...

דאָס דאָזיקע בוך איז זייער ווערטפול ווי א באַווייז־מאַטעריאל פון די דייטשע פאַרברעכנס, ווי א שטודיע־מאַטעריאל פאַר דעם סאָציאָלאָג, פסיכאָלאָג און פסיכיאטער".

„טיגאָדניק פאָושעכני" פון 3־טן מערץ 1946 י.

**דאָקומענטן און מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון יידן אין פוילן.**
ערשטער טייל. לאַגערן, באַאַרבעט דורך מגר. נ. בלומענטאַל, מיט אַן הקדמה פון ד״ר פ. פרידמאַן (אין טעקסט אָריגינעלע דאָקומענטן פון אָשוויענטשים, מיידאַנעק, טרעבלינקע, כאָביבאָר, בעלזשעץ, כעלמנאָ א. אַנד.). דער אַריינפיר פון מחבר „די דייטשע לאַגערן אין פוילן״ איז אַ סינטעטישע אַרבעט, וואָס נעמט אַרום דעם גאַנצן קאָמפּלעקס פּראָבלעמען, וואָס זיינען נוגע די דייטשע לאַגערן אין פוילן. לאָדזש, 1946. 335 + 13 זייטן.

**פּרייז 350 זל.**

„די פאָרשונגען פון דעם נייעם וויסנשאַפטלעכן צווייג — דער וויסנשאפט וועגן די לאגערן — געפינען זיך נאָך אין דער התחלה — דעריבער איז [illegible] ווערטפול דער באנד „דאָקומענטן און מאטעריאלן״, ארויסגעגעבן דורך דער צענטראלער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע און דאָס נאָך מער צוליב דעם, וואָס די מחברים גייען צו צום פּראָבלעם זאכלעך, לויט וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגס־מעטאָדן.

דער ווערט פון די אויסגאבן פון דער צענטר. ייד. היסט. קאָמיסיע ליגט נישט דווקא אין די רעוועלאַציעס, וועלכע עס אנטפלעקן די פארעפנטלעכטע דאָקומענטן, נאָר אין דעם, וואָס א דאנק זיי וועט דאָס געדעכעניש פון די פאשיסטיש־דייטשע פארברעכנס פאראייביקט ווערן אויף א זאכלעכן אופן.

צו דעם געוויסן פון די אלע, וואָס זיינען ניט אדורכגעגאנגען קיין לאגער, צו די אלע, וואָס האָבן נישט איבערגעלעבט דעם גיהנום פון דער היטלערישער אָקופּאציע, וועט א טרוקענער דאָקומענט זיכער שנעלער רעדן, ווי פארביקע דערציילונגען״.

„גלאָס ליודו״ נומ. 171 פון 23־טן יוני 1946 י.

## דאָקומענטן און מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון דער דייטשער אָקופּאַציע אין פּוילן.

באַנד 2. „אַקציעס" און „אויסזידלונגען", ערשטער טייל, באַאַרבעט פון ד"ר יוסף קערמיש. דאָס איז אַן אומפאַנגרייך ווערק פון איבער 540 זייטן דרוק מיט אַ מאַפּע און אַ צענדליק פאָטאָגראַפיעס פון דייטשע דאָקומענטן, מיט אַ פּלאַן פון „אומשלאַגפּלאַץ" אין וואַרשע און אַ געגויעם זוכצעטל פון נעמען און ערטער.

דאָס בוך באַשטייט פון דריי טיילן: פון אַ באַריכותדיקן אריינפיר פון מחבר, פון דייטשע אָריגינעלע דאָקומענטן און אַנדערע מאַטעריאַלן — גבית־עדות, טאָג־ביכער, רעפּאָרטאַזשן א. אַנד., וואָס האָבן אַ שייכות צו דער יידישער מאַרטיראָלאָגיע אין דער צייט פון די „אַקציעס" און „אויסזידלונגען".

לאָדזש, 1946, זייטן 473. — LXXII

פּרייז 500 זל.

„די צענטראלע יידישע היסטאָרישע קאָמיסיע פאַרעפנטלעכט דעריבער דאָקומענטן און מאטעריאלן, וועלכע דארפן דינען ווי פונדאמענט־שטיינער צום שפּעטערדיקן גרויסן ווערק פון דער מארטירער־געשיכטע פון פוילישן יידנטום אין דער תקופה פון דער דייטשער אָקופּאציע. אין דעם זין איז די ארבעט פון ד"ר י. קערמיש, וועלכער האָט, מיט קענטעניש און אחריות, געזאמלט, סעגרעגירט און טיילווייז באארבעט די מאטעריאלן — א וויכטיקע און נויטיקע ארבעט".

„דאס נייע לעבן" נומ. 19 פון 6־טן מערץ 1947.

## די אונטערערדישע באַוועגונג אין געטאָס און לאַגערן.

מאַטעריאַלן און דאָקומענטן וועגן דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, באַאַרבעט דורך בעטי אייזנשטיין. הקדמה פון מ. מ. באָרוויטש. וואַרשע — לאָדזש — קראָקע, 1946, 213 — XXI זייטן

פרייז ~~180~~ 250,- זל.

„די אויטאָרין פון בוך, בעטי אייזנשטיין, האָט, בכדי בעסער צו אינפאָרמירן דעם לייענער, מער געזאָרגט וועגן געבן בילדלעכע פאָרשטעלונגען פון די באַזונדערע עלעמענטן פון דער יידישער לאַגע און פון דער אָקופּאַנטישער מאַשין, איידער וועגן דער גאַנצקייט פון דער פאָרמעלער קאָנסטרוקציע און אירע מסקנות. א דאַנק דעם איז דערגרייכט געוואָרן א גרויסע אוממיטלבארקייט פון אויסדרוק, אויפריכטיקייט פון דער איבערלעבונג, וואָס האָט נישט די טרוקנקייט פון א היסטאָרישער רעלאַציע, פארלירט אָבער נישט איר גלויבנסווירדיקייט.

עס איז אויסערגעוויינלעך שווער צו רעקאָנסטרואירן די טעטיקייט פון דער יידישער אונטערערדישער באַוועגונג צוליב דער שטרענגער קאָנספּיראַציע, אין וועלכע עס איז אויסגעקומען צו ווירקן, און אויך מחמת דעם, וואָס דער איבערוויגנדיקער רוב אָנטייל־נעמער אין דער ווידערשטאנד־באַוועגונג לעבט שוין נישט מער. נישט קוקנדיק אויף דעם, איז אין דער אויסגאַבע צונויפגעזאמלט געוואָרן א היפּשער מאַטעריאַל...“

„טריבונא דאָבאָטניטשא“ נומ. 320 פון 20־טן נאָוועמבער 1946 י.

## דאָקומענטן און מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון דער דייטשער-אָקופּאַציע אין פּוילן.

דריטער באַנד „לאָדזשער געטאָ", ערשטער טייל, צונויפגעשטעלט און באַאַרבעט פון מגר. א. אייזענבאַך מיט אַן הקדמה פון מ. באַלבערישסקי. לאָדזש, 1946, 300 + 2 זייטן.

**פּרייז 300 זל.**

„דאָס בוך שטעלט מיט זיך פאָר א זאמלונג פון איבער 100 דאָקומענטן (אין דייטשן אָריגינאל), וואָס זיינען נוגע דעם לאָדזשער געטאָ און זיין טראַגישן גורל. די דאָקומענטן, וואָס זיינען צונויפגעשטעלט אין א כראָנאָלאָגישן סדר און פארזען מיט קורצע קאָמענטארן מצד די ארויסגעבער, זיינען איינגעטיילט אין 6 גרופּן, אנטשפּרעכנ. צום אינהאלט פון די פאראָרדענונגען...

די היסטאָרישע באארבעטונג פון דער מארטיראָלאָגיע פון די לאָדזשער יידן איז א ווערטפולער צושטייער צו דער אלגעמיינער געשיכטע פון דער דייטשער אָקופּאציע אין פּוילן".

„טריבונא וואָלנאָשטשי" נומ. 2 פון 17־טן נאָוועמבער 1947 י.

## פּראָצעס פון פעלקער־מערדער אַמאָן לעאָפּאָלד געטה פאַר דעם העכסטן נאַציאָנאַלן טריבונאַל.

סטענאָגראַם פון פּראָצעס, באַאַרבעט דורך דעם ריכטער ד״ר סטאַניסלאַוו קאָשינסקי ביי דער באַטייליקונג פון די פּראָקוראָרן פון העכסטן נאַציאָנאַלן טריבונאַל, ד״ר טאַדעאוש ציפּריאַן און מיעטשיסלאַוו שעוויערסקי. אַריינפיר־וואָרט פון ד״ר סטאַניסלאַוו קאָשינסקי. אין טעקסט אַ סך פאָטאָגראַפיעס, פאַקסימיל פון געטהס אַ בריוו, צייכענונגען פון מ. דעמטשוק, פּלאַן פון לאַגער אין פּלאַשאָוו. אין טעקסט גייען אויך אַריין אָפּקלאַנגען פון פּראָצעס אין דער פּרעסע. קראָקע — לאָדזש — וואַרשע, 1947, 510 זייטן.

**פּרייז 400 זל.**

„דער פּראָצעס פון אמאָן לעאָפּאָלד געטה איז דער ערשטער פּראָצעס אין פּוילן, אין וועלכן דער באַשולדיקטער איז צוגעצויגן געוואָרן צו פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דירעקטן אָנטייל אין פעלקער־מאָרד. דער דאָזיקער שוידערלעכער פאַרברעכן, געבוירן אין די מוחות פון די היטלעריסטישע פירער, האָט געפונען זיין אויסדריק אין דער אידעאָלאָגיע און פּראָגראַם פון דריטן רייך און איז אדורכגעפירט געוואָרן דורך די אויספיר־אָרגאַנען סיסטעמאַטיש, פּינקטלעך מיט אוממענטשלעכער ריקזיכטלאָזיקייט. צום אומקום זיינען געווען פאַרמשפּט גאַנצע פעלקער, וואָס זיינען געשטאַנען אין וועג דעם אומערזעטלעכן מולך און זיין שטרעבן צו געווינען „לעבנס־רוים״, אין וועלכע האָבן זיך ערדרייסט קעגנצושטעלן זיין מאַרש צו וועלט־הערשאַפט. דעם ערשטן אָרט אין דעם פאַרניכטונגס־פּלאַן האָבן פאַרנומען יידן. נאָך זיי האָבן געזאָלט גיין פּאָליאַקן און אַנדערע סלאַוון.

דער פּראָצעס פון א. ל. געטה איז א קאָשמאַרפולער פּילם פון אַן אמתער ווירקלעכקייט. א פאַרחיהשטער היטלעריסט האָט אין בערייך פון זיין מאַכט פאַרפּייניקט, געמאָרדעט און אַוועקגעשיקט צום טויט טויזנטער יידן. עס זיינען אויך אומגעקומען טויזנטער פּאָליאַקן. נישט געקוקט אויף דעם וואָס די פאַרברעכנס פון קאָמענדאַנט פון פּלאַשאָווער לאַגער זיינען אין דער צייט פון דער אָקופּאַציע געווען אַלעמען באַקאַנט, שטיצט זיך דער באַשולדיקונגס־אַקט נאָר אויף באַווייזן, וואָס זיינען דורך דער קראָקעווער קרייז־קאָמיסיע צו פאָרשן די דייטשע פאַרברעכנס און דורך דער ייד. וואָיעוואָדישער היסטאָרישער קאָמיסיע אין קראָקע געוואָרן צונויפגעזאַמלט אין מיזאַמער אַרבעט..

דער באַנד גיט א געטריי בילד פון דעם פאַרלויף פון פּראָצעס און אין דעם זין איז עס א דאָקומענטאַריש בוך״.

(פון דער הקדמה צום בוך).



## „דער חורבן פוי פוילישן יידנטום".

פאָטאָגראַפישער אַלבום. דאָקומענטאַרישע אויפנאַמעס, וואָס אילוסטרירן די באַרבאַרישע מעטאָדן פון אָקופּאַנט לגבי דער יידישער באַפעלקערונג. אַריינפיר און דערקלערונגען אין 6 שפּראַכן פון גרשון טאַפּעט הקדמה פון ד"ר פ. פרידמאַן.

לאָדזש, 1946, XVIII – 104 – XV זייטן.

אויספאַרקויפט.

„א טיפן איינדרוק רופן ארויס די בילדער פון וואַרשעווער און לאָדזשער געטאָ, וואָס שטעלן פאָר ווי אזוי מ'פירט יידן צום טויט. דעם רוב אויפנאמעס האָבן געמאכט די דייטשן גופא, זיי האָבן זיך אָפּ־פאָטאָגראפירט צוזאמען מיט די קרבנות... זיי האָבן זיך דעמאָלט נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון, אז די דאָזיקע פאָטאָגראפיעס וועלן דינען אמאָל ווי באווייזן פון זייער אומדערהערטן פארברעכן".

„איחוד" פון 10־טן אפּריל 1946 י.

## גוסטאַ דרענגער: „טאָג־בוך פון יוסטינען".

(געשריבן אין תפיסה דורך אַ מיטגרינדערין פון דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אין קראָקע). הקדמה פון יוסף וואָלף. אין טעקסט אַ פאָטאָגראַפיע פון דער מחברטע און פאַקסימיל פון כתב־יד. קראָקע, 1946. 120 זייטן.

**פרייז 140 זל.**

„געפינענדיק זיך פון יאנואר ביז אפּריל 1943 אין דער קראָקעווער תפיסה ביי דער העלצל־גאס, האָט די 25־יעריקע אָנטיילנעמערין פון דער קאמפּס־אָקציע געשריבן אויף טואלעט־פּאפּיר א טאָג־בוך, אָדער דיקטירט איינעם פון די תפיסה־חברים. דעם דאָזיקן ווונדערלעכן כתב־יד האָט די מחברטע אריינגעלייגט אין א בלעכן קעסטעלע און באהאלטן אין אויוון...

...עס האָט זיך אויפגעהיטן אַן אויספירלעכער פּסיכאָלאָגישער דאָקומענט, וואָס איז איצט דערשינען אין דרוק.

אויף דעם גרויליקן פּאָן פון צענדליקער טויזנטער, וואָס זיינען איינגעשלאָסן געוואָרן אין א לעבעדיקן קבר, אוועקגעשיקט געוואָרן פּארטיעסווייז צום טויט, פּארפּייניקטע און פּאַרהונגערטע, שיילט זיך אויס א גרופּע דעצידירטע צו קעמפן מיט געווער אין האנט..."

„אָדראָדזעניע" פון 10־טן פעברואר 1946 י.

## מיכאַל מאַקסימיליאַן באָרוויטש: „דער אוניווערסיטעט פון רוצחים“.

(אַ בוך וועגן דעם „יאַנאָווער“ לאַגער אין לעמבערג). אַריינפיר פון מאַריאַ האָכבערג־מאַריאַנסקאַ. אין טעקסט: 11 אויטענטישע פאָטאָגראַפיעס און צייכענונגען פון א. פעניכל, ק. פערסטער און י. באו. קראָקע, 1946. 112 זייטן.

**פרייז 90 זל.**

„אלץ עפּעס באווייזן זיך זכרונות פון יידן פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, וואָס ווייטער אלץ פולער ווערט דאָס בילד פון די שרעקלעכע רדיפות, וואָס עס האָט געהאַט אויסצושטיין דאָס דאָזיקע פאָלק. אויך „דער אוניווערסיטעט פון רוצחים“ זיינען זכרונות. דער מחבר איז געווען, ווי מיר דערוויסן זיך פון אריינפיר פון פרוי מאריא האָכבערג־מאריאנסקא — די „נשמה“ פון דער יידישער קאָנספּיראציע אין „יאנאָווער“ לאגער, וועלכן די דייטשן האָבן געגרינדעט אונטער קלעפּאראָוו [illegible] סוף פון דער יאנאָווער גאַס.

דאָס איז געווען אן אמתער „אוניווערסיטעט פון רוצחים“. די פּאָר צענדליק דייטשן, וואָס האָבן אָנגעפירט מיטן לאגער, זיינען אדורכגעגאַנגען א ספּעציעלן קורס פון סאדיזם און אין דעם דאָזיקן „יאנאָווער“ לאגער האָבן זיי אָנגעוואָנדן די דערוואָרבענע „וויסנשאפט“.

באָרוויטשעס בוך איז לעבעדיק אין דער דערציילונג, פּלאסטיש און אינטעליגענט.

אן אומפּאראיבערגייענדיקן ווערט האָט דאָס קאפּיטל א. נ. „אנדערע זיינען אויך מענטשלעך“.

„טיגאָדניק פּאָווּשעכני“ פון 3־טן מערץ 1946 י.

## רודאָלף רעדער: „בעלזשעץ“.

דער אמת וועגן טויט־לאַגער אין בעלזשעץ. דערציילט פון מחבר, אַן עד־ראיה פון די געשעענישן. אַריינפיר פון נעלי ראסט. אין טעקסט געפינען זיך צווישן אַנדערע פאָטאָגראַפיעס, אַ מאַפּע פון בעלזשעץ און צייכענונגען פון א. פעניכל און י. באו. קראָקע 1946. 65 זייטן.

אויספּאַרקויפט.

„רעדערס גבית־עדות, וואָס זיינען דערשיטערנדיק אין זייער איינפאכקייט, האָבן, חוץ א דאָקומענטאַ־רישן כאראקטער, אויך א גרויסן באטייט פאר פּסי־כאָלאָגישע פאָרשונגען. אויף א פלאסטישן און סו־געסטיוון אופן מאָכן זיי פאר אונז צוויי וועלטן: פון הענקער און זייערע קרבנות. זיי דערלויבן אונז כמעט אויף איין מאָמענט אריינצוקוקן אין די טונ־קעלע טיפענישן פון זייער פּסיכיק און פארשטיין דעם שווערן מעכאניזם פון זייערע האנדלונגען.

רעדערס דערציילונגען דערמעגלעכן תופס צו זיין, כמעט טיילווייז, דעם גאנצן מאָנסטרועלן אומ־זין פון מאָרד און דאָס טראגישע געהיימניש פון דער פאסיווקייט מצד די געמאָרדעטע“.

„דזשעננניק ליודאָווי“ נומ. 107 פון 18־טן אפּריל 1946 י.

## לעאָן וועליטשקער: „די מתים־בריגאַדע.״

אַ טאָגבוך פון אַ מיטגליד פון דער בריגאַדע, וואָס האָט געהאַט פאַר אַן אויפ־גאַבע אויסצוגראָבן און צו פאַרברענען די מתים, בכדי צו פאַררייבן די שפורן פון די מאַסנמאָרדן, וועלכע די דייטשן האָבן אויסגעפירט אויפן שטח פון לעמ־בערג און דער אומגעגנט. אַריינפיר פון רחל אויערבאַך. הילע פּראָיעקטירט פון מאַרטין שאַנצער. אין טעקסט דאָס בילד פון מחבר, פאָטאָגראַפיעס און פּלאַן פון „יאַנאָווער״ לאַגער אין לעמבערג. לאָדזש, 1946. 120 זייטן.

**פּרייז 140 זל**

„דאָס בוך שילדערט די טראַגישע איבערלעבונגען פון מחבר אין לעמבערגער געטאָ, אין לאגער און אין דער בריגאַדע פון יידישע ארבעטער, וועלכע זיינען דורך די דייטשן געצוואונגען צו ארבעטן ביים אויסגראָבן און פארברענען די גופים, כדי צו פאַר־ניכטן די שפורן פון מאסן־מאָרד, וואָס זיינען אויס־געפירט געוואָרן אין לעמבערג און אומגעגנט. צום רייכן קאטאלאָג פון דייטשע רציחות גיט וועליטש־קער צו וויניק באקאנטע פּרטים, נעמלעך: דאָס מעטאָדישע באַזייטיקן די שפורן פון פארברעכן. דערביי ווערט געשילדערט דער אופן, די טעכניק, דער ספּעציעלער זשארגאָן, פאכמענישע אויסדריקן — מיט איין וואָרט — א קווער־שניט פון לעבן פון דער דאָזיקער נייער משונהדיקער סביבה״.

„יידישע שריפטן״, ליטעראַרישער אלמאנאך, לאָדזש, 1946 י.

## רוזשאַ בוימינגער: „ביי פּיקרין און טראָטיל.“

(צוואַנגס־אַרבעטס־לאַגער אין סקאַרזשיסקאָ־קאַמיענאַ). הקדמה פון יוזעף שעדאַדזקי. זכרונות פון דעם מערדערישן אַרבעטס־לאַגער, הונגער און קראַנקהייטן. צווישן אַנדערע אַ באַשרייבונג פון דער א. ג. „געלער“ אַרבעט ביי פּיקרין, וואָס האָט געענדערט די קאָליר פון געזיכט און אויפגעפרעסן דעם אָרגאַניזם. קראָקע, 1946. 62 זייטן.

**פּרייז 60 זל**

„דאָס זיינען זכרונות וועגן די איבערלעבונגען פון דער אויטאָרין אין דער אמוניציע־פאבריק אין סקאַרזשיסקא־קאמיעננא, אין דער פאבריק, וועלכע די דייטשע פירמע „האסאג“ (הוגא שניידער אקציען־געזעלשאפט) האָט אויסגעבויט אין א גרעסערן פארנעם....

די פאבריק האָט געהאט „דריי“ ווערקן“: ווערק „א“ (הויפּט־ווערק), ווערק „ב“, — דער ערגסטער אין הינזיכט פון ארבעטס־באדינגונגען, ווערק „צ“ (דאָרט האָט [illegible] געארבעט די אויטאָרין).

די ארבעט פון בוימינגער האָט, קודם־כל, א דאָקומענטארישן כאראקטער און פון דעם דאָזיקן שטאנדפּונקט דארף זי אָפּגעשאצט ווערן“.

„נאַשע סלאָווא“ נומ. 11 פון 12־טן דעצעמבער 1946 י.

## מיט די אויגן פון אַ 12־יאָריק מיידעלע.

זכרונות פון יאַנקאַ ה. געווען אין געטאָ, תפיסות און אין לעמבערגער פאַרניכ־טונג־לאַגער. הקדמה פון מאַריאַ האָכבערג - מאַריאַנסקאַ. קראָקע, 1946. 76 זייטן.

**פרייז 80 זל.**

„נישט קיין ציפאַל האָט אָפּגעראַטעוועט דאָס 12־יאָריקע מיידעלע... אין „יאַנאָווער" לאַגער איז מ'ען געוואָרן אויפמערקזאַם אויף דעם דאָזיקן אומ־געוויינטלעך פעיקן קינד, וואָס האָט טיף אָפּגעפילט דעם גרויל פון דעם היטלערישן גיהנום. יאַנקאַ ליי־ענט טיילמאָל פאָר אירע חברטעס פון פיין אירע אייגענע לידער. מיט דעם גורל פון דעם דאָזיקן טאַלענטירטן קינד האָט זיך, א דאַנק באָרוויטשן, פאַראינטערעסירט דער קראָקעווער ראַט צו העלפן יידן. מען האָט יאַנקען ארויסגעצויגן פון „יאַנאָווער" לאַגער און זי איבערגעפירט קיין קראָקע...

דאָס דאָזיקע ביכל איז קודם־כל א דאָקומענט פון היסטאָרישן ווערט. אומאָפּהענגיק פון דעם שטעלט עס מיט זיך פאָר א הויכווערטיקן פסיכאָ־לאָגישן מאַטעריאַל..."

„מאָסטי" נומ. 2 פון אָקטאָבער 1946 י.

**בער ריטשעוואל; „ווי אַזוי איך האָב איבערגעלעבט די דײַטשן“.** דאָס ביכל שטעלט מיט זיך פאָר אַ גבית־עדות, פאַרפּראָטאָקאָלירט דורך דער מיטאַרבעטערין פון דער צ.יי.ה.ק. בלומע וואַסער, וועגן די איבערלעבונגען פון אַן אַלטן ייד, וואָס האָט איבערגעלעבט דעם אָקופּאַציע־גיהנום, איבערגעטאָן ווי אַ בעטלער. וואַרשע — לאָדזש — קראָקע, 1947. 52 ז.

פּרייז 80 זל.

„ריטשיוואל איז נישט קיין געזעלשאַפטלעכער טיפּ. ער איז עגאָיסטיש. ער ווייסט, ווי זיך זעלבסט צו ראַטעווען. אָבער ער ווייסט נישט צו אָרגאַניזירן זיך פאַר א קיבוץ. די אינטערעסן פון קיבוץ זיינען פאַר אים פרעמד. עס פעלט אים אפילו די צוגעבונדנקייט פאר דער אייגענער פאַמיליע.

הגם פון געזעלשאַפטלעכן שטאַנדפּונקט איז ריטשיוואל א נעגאַטיווער, אנטיפּאַטישער טיפּ, פונדעסטוועגן וועקן די פּשוטע, אַרטיסטיש־ציזאמענגעפּאַסטע מעשיות וועגן זיינע וואַנדערונגען, מיטלייד צום מחבר.

„איחוד“ נומ. 3, מאי 1947 י.

## ד״ר פיליפ פרידמאַן: „דער חורבן פון די לעמבערגער יידן״.

די שטודיע שטיצט זיך אויף פערזענלעכע זכרונות פון מחבר, אויף זכרונות און גבית־עדות. לאָדזש, 1945, 38 זייטן.

א ו י ס פ אַ ר ק ו י פ ט.

„דער מחבר באשרייבט די געשיכטע פון דעם אומקום פון די לעמבערגער יידן פון דעם 29־טן יולי 1941, דעם מאָמענט, ווען די דייטשן זיינען אריין אין שטאָט ביז דער ענדגילטיקער ליקווידאציע.

די דערשיטערנדיקע שפראך פון פאקטן, דאָקומענטירטע אויף א וויסנשאפטלעכן אופן, באשריבענע מיט א לעבעדיקן און גלאטיקן סטיל, פארוואנדלט די מאָנאָגראפיע אין א וויכטיקן צושטייער צו דער געשיכטע פון די דייטשע פארברעכנס״.

„פשעגלאָנד זאכאָדני״ נומ. 2, פעברואר 1[illegible] י.

## אין דריטן יאָר־טאָג פון אומקום פון קראָקעווער געטאָ.

קאָלעקטיווע אויסגאַבע, אַנטהאַלט אַ ריי אָפּהאַנדלונגען און אַרטיקלען פון יידי־שע און פוילישע מחברים. קראָקע, 1946. 204 זייטן.

**פּרייז 180 זל.**

„כאראקטעריסטיש פאר דעם דאָזיקן בוך... זיי־נען די מאָמענטן פון אָפּגעבן אַ סך אָרט דער שיינער ליטעראטור און צוציען צו דער מיטארבעט נישט־יידן... אויסער דעם ליטעראַרישן טייל, אין וועלכן ס'באטייליקן זיך די בעסטע פוילישע שרייבער, ווי יאַן וויקטאָר, יוליאַן פּשיבאָש, קאזשימיעזש וויקאַ, אַדאַם פּאָלעווקא און אנד. געפינען מיר ארטיקלען פון מענטשן, וואָס האָבן איבערגעלעבט די תקופה, פארנומען מאַנגע פאראנטוואָרטלעכע שטעלעס און אזוי ארום דערפון זייערע ארבעטן באטראַכט ווערן ווי דאָקומענטן. צו דעם מין דאַרף מען פאררעכענען יעקב שטענדיגס ארטיקל וועגן דעם חילול פון די בית־הקברות, שולן און יידישע אלטערטימלעכקייטן אין קראָקע, זיגמונט קליענטאלס ארבעט וועגן דער „רעכטלעכער" לאגע פון די יידן. פיל מי ליגט אין דעם כראָנאָלאָגישן צוזאמענשטעל פון די דייטשע פאראָרדענונגען בנוגע יידישע באגרענעצונגען אויפן ווירטשאפטלעכן און פּערזענלעכן געביט, ווי אויך פון פארשידענע גזירות. ס'איז אן ארבעט פון דער לאנגיאָריקער מיטארבעטערין פון דער קאָמיסיע — פרוי דאָרא אגאטשטיין. די אויסגאבע פון בוך איז א שיינע, די אילוסטראציעס זיינען צוגעקליבן מיט פיל געשמאק, דער צוזאמענשטעל פון די ארטיקלען איז אדורכגעטראכט".

„דער וועג" (ארגענטינע) נומ. 179 פון 7־טן דע־צעמבער 1946 י.

## מיכאַל מ. באָרוויטש: „ליטעראַטור אַין לאַגער“.

אַ סקיצע וועגן אונטערערדישן לעבן און ליטעראַרישער שאַפונג פון די געפאַנ־גענע אין „יאַנאָווער“ טויטן־לאַגער אין לעמבערג. אין טעקסט פיל צייכענונגען פון א. פעניכל און ק. פערסטער. קראָקע, 1946, 76 זייטן.

**פרייז 90 זל.**

„דאָס בוך איז א קינסטלערישע אויפפאסונג פון דער דאָזיקער אויסטערלישער דעם [illegible] וואָס איז באשטאנען אין דעם, אז אין די מוראדיקע באדינ־גונגען פון דעם לאגער־לעבן, איז די ליטעראַרישע שאפונג געווען נישט בלויז מעגלעך, נאָר נויטווענ־דיק.

דער מחבר באשרייבט דעם דאָזיקן פענאָמען אויפן סמך פון זיינע אייגענע אָבסערוואציעס אין „יאנאָווער“ לאגער, ווו ער איז געווען ארעסטירט צו־זאמען מיט אנדערע שרייבער“.

„דאָס נייע לעבן“ נומ. 25.

**ד"ר שמעון דאטנער: „קאמף און אומקום פון ביאַליסטאָקער געטאָ".**
געשיכטע פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין ביאַליסטאָקער געטאָ. הקדמה פון ד"ר פ. פרידמאַן. לאָדזש, 1946, 62 זייטן.

**פרייז 60 זל.**

„מיט דער געשיכטע פון דער ווידערשטאנד־באַוועגונג און פארניכטונג פון ביאליסטאָקער געטאָ פארנעמט זיך די ארבעט פון ד"ר דאטנער א. נ. „קאמף און אומקום פון ביאליסטאָקער געטאָ". די מאָנאָגראפיע, וועלכע איז צוגעגרייט געוואָרן דורך דער ביאליסטאָקער אָפּטיילונג פון דער צ. יי. ה. ק. גיט א בילד פון יידישן ווידערשטאנד אין איינעם פון די באדייטנדיקסטע און גרעסטע צענטרען אין פויקן. די ארבעט שטיצט זיך מערסטנטייל אויף פערזענלעכע איבערלעבונגען פון מחבר, וועלכער האָט צוויי יאָר פארבראכט אין ביאליסטאָקער געטאָ."

„יידישע שריפטן", ליטערארישער אלמאנאך, לאָדזש 1946 י.

**מג"ר נ. ע. שטערנפינקל: „חורבן פון די יידן אין סאָסנאָווצע."**

די אַרבעט שטיצט זיך אויף גביות־עדות, דייטשע דאָקומענטן. קאַטאָוויץ 1946, 84 זייטן.

**פרייז 90 זל׳**

„דאָס נישט גרויסע ביכעלע שילדערט אויף עטלעכע צענדליק זייטן די טראַגעדיע פון די יידן אין סאָסנאָווצע, אויף וועלכע די דייטשע רוצחים האָבן מיט זייער איינגעבוירענעם סאַדיזם זיך איזדיעקעוועט אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע...

דאָס בוך פון מג״ר שטערנפינקל דערשיטערט מיט זיין טראַגיזם. עס דאַרף געלייענט ווערן דורך יעדן מענטש, כדי זיך איבערצייגן, אויף וואָס עס איז געווען פעיק די היטלעריסטישע חיה..."

„דזשענניק זאכאָדני" פון 17־טן אויגוסט 1946 י.

**ד״ר יוסף קערמיש: „דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ״**
אַ היסטאָרישע אָפּהאַנדלונג, געשטיצט אויף דאָקומענטן צוו. אַנד. אויף די ראַ־פּאָרטן פון דעם ליקווידאַטאָר פון וואַרשעווער געטאָ — גענ. סטראָאָפּ. דאָס בוך איז אַ נייער צושטייער צו דער געשיכטע פון דער יידישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. לאָדזש, 1946. 116 + 7 זייטן.

**פרייז 150 זל.**

„ווי עס דרינגט אַרויס פון דער הקדמה, איז דאָס אַ שטודיע אין שייכות מיט דעם דריטן יאָר־צייט פון אויסברוך פון אויפשטאַנד, וועלכע שטיצט זיך אויף אַלע מאַטעריאַלן, צו וועלכע דער מחבר האָט געהאַט אַ צוטריט אין דער צייט פון דער אַר־בעט, און קודם־כל, אויף די ראַפּאָרטן פון ליקווי־דאַטאָר פון וואַרשעווער געטאָ — גענ.־מאַיאָר סטראָאָפּ.

חוץ דעם, האָט זיך דער מחבר באַנוצט מיט אַ סך יידישע מקורים, מיט רעלאַציעס פון די אָנפּי־רער און אָנטיילנעמער אין אויפשטאַנד, זכרונות און טאָג־ביכער...

די שטודיע פון ד״ר קערמיש פילט אויס אין אַ גרויסער מאָס אַ בלויז, וואָס איז ביז איצט געווען אין די אַרבעטן פון דער צענטראַלער יידישער היס־טאָרישער קאָמיסיע, איבער דער געשיכטע פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין דער צייט פון דער היט־לערישער אָקופּאַציע״.

„מאָסטי״ נומ. 2 פון פעברואַר 1947 י.

ד״ר אברהם מעלעזין: „אַ צושטייער צו דער קענטעניש פון די דעמאָגראַפישע באַציונגען, וועלכע האָבן געהערשט צווישן דער יידישער באַפעלקערונג אין לאָדזש, קראָקע און לובלין אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע״.
לאָדזש, 1946. 70 + 2 זייטן.

**פרייז 70 זל**

„יעדע מלחמה האָט זיך אירע ספּעציפישע דעמאָגראַפישע געזעצן, וועלכע שטערן על־פּי־כּלל די נאָרמאַלע פּראָצעסן. די דערשיינונגען אָבער, וועלכע מיר האָבן אָבסערווירט ביי דער יידישער באַפעלקערונג גייען ווייט ארויס פון די ראַמען, פון די ביז איצט פעסטגעשטעלטע געזעצן. געוויסע דעמאָגראַפישע געזעצן האָבן אָנגענומען אַזעלכע דימענסיעס, אַז מיר זיינען געבליבן שטיין פאַר אַ שנעלן אויסשטאַרבונגס־פּראָצעס פון דער יידישער באַפעלקערונג. אפילו אין דער צייט, ווען עס זיינען קיין באַרניכטונגס־לאַגערן נאָך נישט געווען.

הגם די דערשיינונגען, וועלכע מיר באַהאַנדלען אין דער דאָזיקער אַרבעט, זיינען אַלעמען אונז גוט באַקאַנט פון אייגענע איבערלעבונגען, הגם מיר אַלע, וואָס מיר זיינען ניצול געוואָרן, זיינען געווען עדות פון די דאָזיקע מאַקאַברישע פּראָצעסן, האַלטן מיר אָבער פאַר ריכטיק און נויטווענדיק זיי צו שטיצן אויף סטאַטיסטישע דאַטעס, וואָס וועלן בעסער און אָביעקטיווער באַלייכטן דעם גרויל פון די איבערגעלעבטע צייטן״.

(פון דער הקדמה צום בוך).

## גרשון טאַפּעס: „דער חורבן פון די זשולקעווער יידן"

די אַרבעט שטיצט זיך אויף די איבערלעבונגען פון מחבר, זכרונות און גבית־עדות. הקדמה פון ד״ר קערמיש. לאָדזש, 1946, 72 זייטן.

### אויספאַרקויפט.

„דער מחבר האָט דורכגעמאַכט כמעט די גאַנצע עפּאָפּייע אין זשולקעוו. פאַקטן, וואָס האָבן א שייכות צו זשולקעווער יידן אין דרויסנדיקע לאַגערן גיט ער איבער אויפן סמך פון דעמלטיקע רעלאַציעס, פאַסירונגען ווידער, וואָס זיינען פאָרגעקומען נאָך זיין ארויספאָרן אין לאַגער, דערציילט ער לויט גבית־עדות פון איבערגעבליבענע.

ס׳מערקט זיך, אז טאַפּעס איז גוט באַהאַוונט אין זיין טעמע. ער האָט יאָרנלאַנג געלעבט אין זשולקעוו, געקענט א סך מענטשן, אינטערעסירט זיך מיט געזעלשאַפטלעכן לעבן פאַר, ווי אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע..."

„דער וועג" (ארגענטינע) 7 דעצעמבער 1946 י.

## רחל אויערבאַך: „טרעבלינקע"

רעפּאָרטאַזש. הילע פּראָיעקטירט אַ. מושקא ווארשע — לאָדזש — קראָקע, 1947.
100 זייטן.

**פּרייז 150 זל.**

„די בראָשור אנטהאלט נייע דערשיטערנדיקע פּרטים און וועט לדור־דורות זיין אַן עדות אין דער געשיכטע פון ביישפּילקאָזן מארטירערטום פון אייראָפּעישן יידנטום און גלייכצייטיק אַן עדות פון דער ומוראדיקער טיירולאָנישקייט פון א פאָלק, וואָס טראָגט דעם נאָמען „דייטשן"!
די אויסערלעכע הילע פון רעפּאָרטאזש איז עסטעטיש. אַן אנגענעמע. ער אנטהאלט אויך א מאפּקע פון טרעבלינקע און א גאנצע ריי אויטענטישע אויפנאמעס".

„אָפּיניא" נומ. 13 פון 5־טן מערץ 1947 י.

## מגר. נ. בלומענטאַל: „אומשולדיקע ווערטער“.
ערשטער טייל. — אַ לעקסיקאָן פון אויסדריקן, וואָס מען האָט באַנוצט אין דער צייט פון דער היטלערישער אָקופּאַציע און, וועלכע האָבן אין שייכות מיט די טראַגישע געשעענישן פון דער דאָזיקער צייט, באַקומען גאָר אַן אַנדער באַטייט.

**פּרייז 280 זל.**

אין זיין ארבעט האָט זיך דער מחבר געשטעלט
פאר אַן אויפגאבע ארומצונעמען קודם־כל די ווער־
טער, [illegible] מאכן אונז אויפציטערן מיט [illegible]
עות און טאָפּלזיניקייט (צ. ב. דאָס אומשולדיקע
וואָרט „אקציאָן“, וואָס האָט אין א סך פאַ[illegible] באַ־
דייט — פארניכטונג) און דאַן די ווערטער, וואָס,
הגם זיי האָבן נישט באקומען ק[illegible], נייעם באדייט,
זיינען אָבער געוואָרן זייער כאראקטעריסטיש צו־
ליב זייער אָפטן געברויך (דאָס וואָרט צ. ב. „שיים“
און אנדערע, וואָס שטאמען אָפּ פון אים) און לסוף
[illegible]וועלכע אויסדריקן ווי „טויטן־בלאָק“, „טויטן־
בריגאדע“ א. א. וו.

דער־פארעפנטלעכער טייל נעמט ארום די ווער־
טער פון „א“ ביז „י“.

## מ. געבירטיג: „ס'ברענט".

אַרױסגעגעבן פֿון דעם דורך די דײַטשן דערמאָרדעטן באַקאַנטן פֿאָלקס־דיכטער. פֿרײַנפּיר פֿון יוסף װולף. אין טעקסט: נאָטן, פֿאַקסימיל פֿון כתב־יד און בילד פֿון מחבר. קראָקע, 1946. 40 זײַטן.

פּרײַז 80 זל.

„עס איז נישט קײן צופֿאַל, װאָס דװקא זײַן ליד „ס'ברענט", אױסגעזאָנגען נאָך אין יאָר 1938, װערט שפּעטער דאָס ליד פֿון דער ייִדישער קאַמפֿס־אָרגאַניזאַציע אין קראָקעװער געטאָ. און עס איז אװדאי קײן צופֿאַל נישט, װאָס דאָס ליד „ס'ברענט" װערט אױך איצט געזונגען איבער דער גאַנצער ייִדישער װעלט.

פּונקט אַזױ פֿאַקסטימלעך, פּשוט און האַרציק קלינגען אױך די איבעריקע לידער פֿון מרדכי געבירטיג, װאָס זײַנען שױן געשריבן געװאָרן בעת דער דײַטשער אָקופּאַציע..."

„ייִדישע קולטור" (ניו־יאָרק) נומ. 11, נאָװעמבער 1946 יאָר.

## סטעפאַן אָטווינאָווסקי: „פאסכא“ ("Wielkanoc").

די דראַמע וועגן באַוואָפנטן אויפשטאַנד אין געטאָ. מיט אילוסטראַציעס פון אַנטאַני גאָניעכאַווסקי. הקדמה פון מיכאַל מ באָרוויטש. קראָקע, 1946. 96 זייטן.

**פרייז 80 זל.**

„די זשורי פון דער קראָקעווער וואָיעוואָדשאַפט פאַר ליטעראַרישע פרייזן האָט פאַר דעם לויפנדיקן יאָר אויסגעצייכנט דאָס נישט לאַנג דערשינענע סצענישע ווערק פון סטעפאַן אָטווינאָווסקי „פאסכא“ (W. ELKANOC) דאָס ווערק פאַרדינט אויפמערקזאַמקייט. אַלע זיינע געדאַנקלעכע, אַרטיסטישע און שטימונג־וואַלאָרן לאָזן זיך אָפּשאַצן ביים לייענען. באַשטימט איז די פּיעסע פאַר דער סצענע און איך מיין, אַז זי איז פאַר דער סצענע ראוי. „פאסכא“ פאַרכאַפּט דעם לייענער מיט זיין אַרטיסטישער צוריקגעהאַלטנקייט...

„פאסכא“ האָט באַדאַרפט זיין די דאַטע פון אַ יידישן אויפשטאַנד אין אַ קליין, אומבאַקאַנט יידיש שטעטל אין דער פּראָווינץ. אָטווינאָווסקיס פּיעסע פאַרטשעפּעט אין דעם דאָזיקן אויפשטאַנד. צו דער אומגעהויערער גרויסער און שווערער טעמאַטיק פון דעם יידישן אויסברוך איז דער מחבר צוגעגאַנגען דעליקאַט, אַזוי ווי ער וואָלט געפּרוווט צוערשט זיך צוגעוויינען צו איר טיפקייט און גרויסקייט. דער פּערסאָנאַזש פון דער פּיעסע איז אַ קנאַפּער, באַשיידן איז דער פאַרלויף פון דער פאַבולע, באַשיידן זיינען די ווערטער, אָן גלאַנץ, אָן באַפּיצונגען.

דאָס איז אַ פּשוטע שטים פון אַ קינסטלער, וועמען עס קאָנען הערן, גלויב איך, די אָממיינסטן פאַרעקשנטע און פאַרבלאָנדזשעטע...“

„אָדראָדזעניע“ נומ. 19 פון 12־טן מאַי 1946 י.

### ש. שאַיעוויטש; „לך־לך“.
מיט אַן אַריינפיר פון נ. בלומענטאַל. שאַפונגען פון דעם דיכטער, וואָס איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך די דייטשן, געשריבענע אין געטאָ. אין טעקסט פאַקסימיל פון כתב־יד. לאָדזש, 1946. 74 זייטן.

**פרייז 100 זל׳**

„די זאמלונג פון שאיעוויטשעס לידער אין יידיש א. נ. „לך־לך“ מיט אן אריינפיר פון נ. בלומענטאל דארף אנערקענט ווערן פאר איינע פון די אממייסטן ווערטפולע פּאָזיציעס פון דער פארלאגס־ארבעט פון דער צ. יי. ה. ק. מען דארף אונטערשטרייכן, אז די היסטאָרישע קאָמיסיע, וועלכע האָט די אויפגאבע צו פאָרשן די געשיכטע פון יידן אין פוילן אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע, האָט זיך פון סאמע אָנהויב פון איר טעטיקייט פארנומען מיט פאָרשונגס־ארבעט איבער דער יידישער ליטעראטור, אין וועלכער עס שפיגלט זיך אָפּ דאָס לעבן פון אונזערע ברידער אונטער דער הערשאפט פון אָקופּאנט.

אין „לך־לך גייען אריין צוויי פאעמען: 1) „לך־לך“; 2) „פרילינג תש״ב. די בריוו פון שאיעוויטשן צום לייטער פון פרעסע־רעפעראט ביים יידן־עלטסטן ש. ראָזנשטיין — כאראקטעריזירן אמקלאָרסטן די טראגישע לאגע פון די יידישע ליטעראטן אין לאָדזשער געטאָ“.

„יידישע שריפטן“, ליטערארישער אלמאנאך, לאָדזש, 1946 י.

## „דאָס ליד וועט קיינמאָל נישט פאַרלוירן גיין"...

די לידער־אַנטאָלאָגיע וועגן יידן אונטער דער היטלערישער אָקופּאַציע. באַאַרבעט
און אַרייַנפיר פון מיכאל מ. באָרוויטש. אין טעקסט פיל אילוסטראַציעס — אויט־
ענטישע פאָטאָגראַפיעס, צייכענונגען א. אַז. וו. וואַרשע—לאָדזש—קראָקע 1947.
288 זייט.

**פּרייז 400 זל.**

„ווען ביי דער אנטשטייונג פון דער אנטאָלאָגיע
וואָלטן געקומען צום וואָרט די אומשטענדן, אין
וועלכע די ווערק זיינען אנטשטאנען, וואָלט מען די
לידער באַדאַפן אָפּדרוקן אנאָנים און זיי אַרומזוי־
מען מיט געהעריקע אויסשניטן פון טאָג־ביכער,
גבית־עדות, מעמוארן און דאָקומענטן. דאָ וואָלט
מען זיי געקאָנט מסדר זיין לויט ערטער, צייט־אָפּ־
שניטן א. א. וו. די אויפגעהיטענע טעקסטן בילדן
אָבער נאָר א מיקראָסקאָפּיש טייל פון די דאָזיקע
שאַפונגען. אויך זיי האָט מען געמאָרדעוועט, אזוי
ווי מענטשן. חוץ דעם: פון אלע לידער, וואָס זיי־
נען אנטשטאנען אויף דער פּוילישער ערד, געשרי־
בענע אין א גאנצער ריי שפּראכן (פּויליש, העברע־
איש, יידיש, רוסיש, פראנצויזיש, אוקראיניש,
דייטש, אונגאריש, טשעכיש, רומעניש) נעמט די
דאָזיקע זאמלונג ארום (בדרך כלל) נאָר אַן אויסוואל
פון פּוילישע לידער.

...די לידער גייען אין דער דאָזיקער זאמלונג
„לויט מחברים", די מחברים אין אלפאבעטישן סדר..

די דאָזיקע זאמלונג נעמט ארום ווערק, גע־
שריבן אין דער געבונדענער שפּראך. אַן אויסנאם
בילדן: די הקדמה פון שלענגלען צו זיינע לידער
(וואָס איז א דאָקומענט פון א באוווסטזיניקן אי־
בערגעבן פון מחבר זיינע ווערק צו די דורות, וואָס
וועלן קומען נאָך זיין טויט, וואָס איז פאקטיש גע־
שען); דער ארטיקל פון יוליאַן פּשיבאָש און דער
בריוו פון יוליאַן טוווים (וואָס האט געלעבט אין די דאָ־
פלעקהן פון דיכטער, וואָס האָט געלעבט אין די דאָ־
זיקע יאָרן מעבר־לים). דער אָפּטייל א. נ. „מאטער־
יאלן און הוספות" נעמט ארום א געוויסע צאָל אי־
בערזעצונגען פון יידיש און טעקסטן, וואָס קאָנען
אויסברייטערן דעם אויסבליק אויף די ליטערארי־
שע שאַפונג, וואָס האָט א שייכות מיט דער באַ־
האנדלטער טעמאטיק".

(פון אריינפיר אין דער אנטאָלאָגיע).

**אינסטרוקציעס פאַר זאַמלער פון היסטאָרישע מאַטעריאַלן פון דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע.**

באַרעט פון ד״ר יוסף קערמיש. לאָדזש, 1945. 22 זייטן.

**פרייז 20 זל.**

**אינסטרוקציעס פאַר זאַמלער פון עטנאָגראַפישע מאַטעריאַלן פון דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע.**

באַאַרבעט פון מגר. נ. בלומענטאַל. לאָדזש, 1945. 22 זייטן.

**פרייז 20 זל**

**אינסטרוקציעס פאַר אויספאָרשן די איבערלעבונגען פון יידישע קינדער אין דער צייט פון דער היטלערישער אָקופּאַציע.**

באַאַרבעט פון נ. גריס און ג. סילקעס. לאָדזש, 1945. 47 זייטן.

**פרייז 20 זל.**

**מעטאָדאָלאָגישע אָנווייזונגען צום אויספאָרשן דעם חורבן פון פוילישן יידנטום.**

קאָלעקטיווע ארבעט. לאָדזש, 1945. 47 זייטן.

**פרייז 40 זל.**

״...אָבער דאָך בעת דער זאמל־ארבעט האָט מען נישט געקאָנט אויסמיידן געוויסע פּובליקאַציעס פון מעטאָדאָלאָגישן כאראקטער, וואָס זאָלן העלפן די צעזייטע אין גאנצן לאנד, נישט־דערפארענע מיט־ארבעטער צו זאמלען גביות־עדות לויט א געוויסן סיסטעם און אויסגעפּרווטע מעטאָדן.

אזוי זיינען אנטשטאנען די אינסטרוקציעס צו זאמלען היסטאָרישע מאטעריאלן״.

„דער וועג״ (ארגענטינע) נומ. 178 פון 6־טן דעצעמבער 1946 י.

נח גריס; „אַ יאָר אַרבעט פון דער צענטראַלער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע". לאָדזש, 1946. 62 – 5 זייטן.

פרייז 20 זל.

מאַפּע פון די לאַגערן אין אויבער און נידער־שלעזיע. 1 : 500.000, קאַטאָוויץ 1946.

פּרייז 100 זל.

מאַפּע פון די היטלערישע לאַגערן אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע. 1 : 1.000.000, קאַטאָוויץ 1946.

פּרייז 120 זל

## אינגיכן דערשיינט:

1. נעמי שאַץ—ווײַנקראַנץ — „עס איז אַוועק מיטן פײַער". מעמוּאַרן.
2. „קינדער באַשולדיקן". מאַטעריאַלן באַאַרבעט פון מאַריאַ האַכבערג-מאַריאַנסקאַ און נח גרים.
3. „אַ ייד פון קלעמענטאָוו דערציילט"... (גבית-עדות).

## עס גרייט זיך צום דרוק:

1. „דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ אין ליכט פון די ראַפּאָרטן פון גענ. סטראָאָפּ" — איבערזעצט און באַאַרבעט פון די פּראָקוראָרן פון העכסטן טריבונאַל ד"ר שעוויערסקי און ד"ר סאַוויצקי.
2. „די אונטערערדישע פּרעסע אין וואַרשעווער געטאָ" — (פון רינגעלבלום-ארכיוו) צוויי בענדער.
3. ד"ר יוסף קערמיש — „די געשיכטע פון אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ" (אַ מאָנאָגראַפיע).
4. מגר. נ. בלומענטאַל — „אומשולדיקע ווערטער", צווייטער באַנד.
5. „אַרישע פּאַפּירן" — קאָלעקטיווע אויסגאַבע.
6. ד"ר ל. אײַכהאָרן — „דער אַרבעטס-לאַגער אין שעבניע".
7. יאַנקאָוּוסקי — „דער לאַגער אין פּוסטקאָוו".
8. פּערעכאָדניק — „מעמואַרן פון אָטוואָצקער געטאָ".
9. פאָטאָגראַפישער אַלבום פון וואַרשעווער געטאָ.
10. מגר. נ. שטערנפינקל — „יידן אין נידערשלעזיע בעת דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע".
11. „ה סטאַרישע פּערטליאַר-שריפטן".
12. מאָנאָגראַפיעס וועגן דער געשיכטע פון באַזונדערע יידישע קהילות אין דער צייט פון דער היטלערישער אָקופּאַציע.
13. ה. סאַפרין און ש. שפונד: — „סטאַניסלאַוו בעת דער דייטשער אָקופּאַציע"— (מאָנאָגראַפיע).

## אדרעסן פאַר באַשטעלונגען:

CENTRALNA ŻYDOWSKA KOMISJA HISTORYCZNA
Łódź, Narutowicza 25 lub Warszawa, Tłomackie 5

## אָפּטיילונגען:

Wojewódzka Żyd. Komisja Hist. KRAKÓW: Długa 38
„ „ „ „ KATOWICE: Zabrska 14
„ „ „ „ WROCŁAW: Włodkiewicza 5
„ „ „ „ BIAŁYSTOK: Młynowa 19
„ „ „ „ SZCZECIN: Słowackiego 12